Michel Berlin

# אידישער פראגרעס
# אין ארץ־ישראל.

## פאַקטען און ציפֿערן.

דריטע פארבעסערטע אויפלאַגע
פונ׳ם העפט אידישע לייסטונגען
אין ארץ־ישראל.



ארויסגעגעבען פון דעם
הויפטביורא פון דעם קרן היסוד
75, GREAT RUSSELL STREET. LONDON, W.C.1

1924

גאָלדענבערג און עפשטיין (ט.יו.) פרינטערס, 10 דאַרבלעי סטריט, וו. 1

# אידישער פּראָגרעס אין ארץ־ישראל.

## פאַקטען און ציפערן.

דריטע פארבעסערטע אויפלאגע
פונ'ם העפט אידישע לייסטונגען
אין ארץ־ישראל.

אַרויסגעגעבען פון דעם
הויפטביורא פון דעם קרן היסוד
75, GREAT RUSSELL STREET. LONDON, W.C.1

1924

גאָלדענבערג און עפשטיין (ט.יו.) פרינטערס, 10 דארבלעי סטריט, וו. 1

# די בריטישע הבטחה.

## (די באלפור־דעקלאראציע, פונ׳ם 2־טען נאוועמבער, 1917).

אויסערן-מיניסטעריום,

דעם 2-טען נאוועמבער, 1917.

טייערער לאָרד ראָטשילד.—איך האָב פיעל פאַרגניגען אייך איבערצוגעבען אינ׳ם נאָמען פון זיין מאַיעסטעטס רעגירונג די פאָלגענדע דעקלאַראַציע פון סימפאַטיע מיט אידישע ציוניסטישע שטרעבונגען, וואָס איז צוגעשטעלט געוואָרען דעם קאַבינעט און ער האָט דאַרויף מסכים געווען:

„זיין מאַיעסטעטס רעגירונג קוקט גינסטיג אויף דער גרינדונג פון אַ נאַציאָנאַלער היים אין פאַלעסטינאַ פאַר׳ן אידישען פאָלק, און וועט זיך באַמיהען מיט אַלע כחות צו פאַרלייכטערען די דורכפיהרונג פון דיזען ציעל; דערביי דאַרף קלאָר פאַרשטאַנען ווערען, אַז קיין זאַך וועט ניט געטאָן ווערען, וואָס קען שאָדען די בירגערליכע און רעליגיעזע רעכט פון די עקזיסטירענדע ניט־אידישע געמיינדען אין פאַלעסטינאַ, אָדער די רעכט און דעם פאָליטישען מצב וואָס אידען געניסען אין אירגענד וועלכען לאַנד".

איך וועל דאַנקבאַר זיין ווען איהר וועט אָט די דעקלאַראַציע מודיע זיין דער ציוניסטישער פעדעראַציע.

אייער אויפריכטיגער,

(געצייכענט) ארטור דזשיימס באלפור.

# די אינטערנאציאנאלע גאראנטיע.

## (פונ׳ם ארץ־ישראל מאנדאט).

דער ראַט פונ׳ם פעלקער־בונד:

היות די פאַרבינדעטע הויפט־מעכטען האָבען מסכים געווען, אַז דער מאַנדאַטאָר זאָל זיין פאַראַנטוואָרטליך פאַר דער דורכפיהרונג פון דער דעקלאַ־ראַציע, וועלכע איז צוערשט געמאַכט געוואָרען דעם 2־טען נאָוועמבער, 1917, פון דער בריטישער רעגירונג און איז אָנגענומען געוואָרען פון די דערמאָנטע מעכטען, לטובת דער שאַפונג אין פאַלעסטינאַ פון אַ נאַציאָנאַלער היים פאַר׳ן אידישען פאָלק, וואָס דערביי דאַרף קלאָר פאַרשטאַנען ווערען, אַז קיין זאַך וועט ניט געטאָן ווערען וואָס קען שאָדען די בירגערליכע און רעליגיעזע רעכט פון די עקזיסטירענדע ניט אידישע געמיינדען אין פאַלעסטינאַ, אָדער די רעכט און פאָליטישען מצב, וואָס אידען געניסען אין אירגענד וועלכען לאַנד; און

היות ס'איז דערביי אָנערקענט געוואָרען די היסטאָרישע פֿאַרבינדונג פֿונ'ם אידישען פֿאָלק מיט פּאַלעסטינאַ און די גרונדען פֿאַר'ן צוריקשטעלען זיין נאַציאָנאַלע היים אין דעם דאָזיגען לאַנד; און

היות די פֿאַרבינדעטע הויפּט־מעכטען האָבען אויסגעוועהלט די בריטאַנישע מאַיעסטעט אַלס דעם מאַנדאַטאָר פֿאַר פּאַלעסטינאַ; און

היות די בריטאַנישע מאַיעסטעט האָט אָנגענומען דעם מאַנדאַט בנוגע פּאַלעסטינאַ און האָט זיך אונטערגענומען איהם אויסצואיבען אינ'ם נאָמען פֿונ'ם פֿעלקער־בונד לויט די פֿאָלגענדע תקנות;

באַשטעטיגט דער ראַט דעם דערמאָנטען מאַנדאַט און דעפֿינירט זיינע באַדינגונגען.

גענעבען אין לאָנדאָן, דעם 24-טען יולי, 1922.

# די הסכמה פֿון אמעריקא.

## רעזאלוציע וואס איז איינשטימיג אנגענומען געווארען פון דעם קאנגרעס פון די פאראייניגטע שטאאטען דעם 30-טען יוני, 1922.

„נעמענדיג אין באַטראַכט, אַז דאָס אידישע פֿאָלק האָט דורות לאַנג געשטרעבט אויפֿצובויען זיין אַלט היימלאַנד, און

נעמענדיג אין באַטראַכט, אַז אַ דאַנק דער מלחמה און דעם אידישען אָנטייל אין איהר, האָט מען דעם אידישען פֿאָלק געגעבען די מעגליכקייט אויפֿצושטעלען און ווידעראויפֿצובויען אַ נאַציאָנאַלע היים אין דעם לאַנד פֿון זיינע פֿאָטערס, וואָס וועט געבען דעם בית־ישראל די מעגליכקייט, וועלכע מען האָט זיי אַזוי לאַנג ניט געוואָלט געבען, צו שאַפֿען פּרוכטבאַר אידיש לעבען און קולטור אין דעם אַלטען אידישען לאַנד —

באַשליסט דער סענאַט און קאָנגרעס פֿון די פֿאַראייניגטע שטאַאַטען, אַז די פֿאַראייניגטע שטאַאַטען פֿון אַמעריקאַ שטימען צו צו דער שאַפֿונג פֿון אַ אידישער נאַציאָנאַלער היים אין ארץ ישראל, מיט דער באַדינגונג, אַז עס זאָל גאָרניט געטאָן ווערען, וואָס קען שאָדען די רעליגיעזע און ציווילע רעכט פֿון ניט אידען, און אַז די הייליגע ערטער און היסטאָרישע געביידעס זאָלען געהעריג אָבגעהיט ווערען".

---

# אידישע לייסטונג אין ארץ־ישראל.

---

דעם 2־טען נאָוועמבער, 1917, האָט די בריטישע רעגירונג אַרויסגעלאָזען די באַלפור־דעקלאַראַציע וועגען דער גרינדונג פון אַ אידישער נאַציאָנאַלער היים אין ארץ ישראל.

דעם 24־טען יולי, 1922, איז דער מאַנדאַט פאַר ארץ ישראל באַשטעטיגט געוואָרען דורך דעם ראַט פון'ם פעלקער־בונד, און גרויס־בריטאַניע איז באַשטימט געוואָרען, אַלס די מאַנדאַטאָרין פון'ם פעלקער־בונד, צו פאַרוואַלטען איבער ארץ ישראל.

* * *

אין יוני, 1920, איז דורך דער ציוניסטישער קאָנפערענץ אין לאָנדאָן געגרינדעט געוואָרען דער ארץ־ישראל'דיגער אימיגראַציאָנס־ און קאָלאָניזאַציאָנס־פאָנד „קרן־היסוד", אַלס אַן אַלגעמיין אידישער פינאַנץ־אינסטרומענט פאַר דער ווידעראויפבויאונג פון ארץ ישראל.

ער איז רעגיסטרירט געוואָרען אין מערץ, 1921, אַלס אַ געזעלשאַפט מיט באַשרענקטער ערבות און האָט אָנגעהויבען אָנצוגעהן מיט זיין טעטיגקייט.

* * *

וואָס האָבען אויפגעטאָן די ציוניסטישע באַוועגונג און דער קרן היסוד אין משך פון אַט דער צייט?

ס'זיינען געגרינדעט געוואָרען בליהענדע לאַנדווירטשאַפטליכע ישובים.

ס'זיינען געשאַפען געוואָרען מאָדערנע שטאָדט־טיילען און גאָרטען־שטעדט.

גרויסע שטחים ערד זיינען אַריבער אין'ם רשות פון'ם גאַנצען אידישען פאָלק.

ס'איז רעגולירט און ערמוטיגט געוואָרען די אידישע אימיגראַציע.

ס'איז איינגעפיהרט געוואָרען מאָדערנע סאַניטאַציע.

ס'איז ענטוויקעלט געוואָרען אַ ווייט־פאַרצווייגטע ערציהונגס־און שול־סיסטעמע.

העברעאיש איז געוואָרען די לעבעדיגע פאָלקס־שפּראַך.

ס'איז געלעגט געוואָרען דער פונדאַמענט פאַר אידישער זעלבסט־פאַרוואַלטונג.

**לאַנדווירט־שאַפטליכע ישובים.** עס געפינען זיך איצט אין ארץ ארץ־ישראל 89 אידישע קאָלאָניעס אויף אַ שטח פון 800,000 דונאַם (4 דונאַם זיינען 1 אַקער), מיט אַ באַפעלקערונג פון 18,000 נפשות.

דער קרן היסוד איז דירעקט פאַראַנטוואָרטליך פאַר'ן אויסהאַלטען פון 43 קאָלאָניעס. אין די קאָלאָניעס איז די צאָהל פון ניי־באַזעצטע אידישע

איינוואוינער 3,000, פון וועלכע 2,322 זיינען אַרבייטער. אין אַט די קאָלאָניעס געפינען זיך 687 אַרבייטס־בהמות, 1,731 אַנדערע בהמות און 27,203 עופות וואָס זיינען געקויפט געוואָרען מיט דער הילף פון'ם קרן היסוד, און 1,050 בנינים זיינען אויפגעבויט געוואָרען דורכ'ן קרן היסוד. אין הערבסט 1923 זיינען געגרינדעט געוואָרען, מיט דער הילף פון די קרן־היסוד־מיטלען, 7 נייע קאָלאָניעס, פון וועלכע 4 זענען קאָאָפעראַטיווע ישובים און 3 „מושבי־עובדים".

4 לאַנדווירטשאַפטליכע פראָבע־סטאַנציעס פאַר די פאַרשידענע טיילען און קלימאַטען פונ'ם לאַנד זענען געגרינדעט געוואָרען דורך דער ציוניסטישער אַדמיניסטראַציע און פיהרען שוין אָן זייער אַרבייט; נאָך 4 אַזעלכע פראָבע־סטאַנציעס ווערען איצט געגרינדעט. דער בודזשעט פון אַט די פראָבע־סטאַנציעס ווערט געדעקט פונ'ם קרן היסוד. דער קרן היסוד האָט פון אַפריל 1921 ביז מערץ 1924 אויסגעגעבען 330,808 פונט פאַר לאַנד־ווירטשאַפטליכער קאָלאָניזאַציע און פאַר דער גרינדונג פון נייע ישובים.

אין משך פון די יאָהרען 1919—1921 האָט דער לאַנדווירט־שאַפטליכער דעפאַרטמענט פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע באַוואַלדונג. פאַרפלאַנצט אַ שטח פון אַנ'ערך 3,000 דונאַם מיט 750,000 וואַלד־און גאָרטען־בוימער; מיליאָנען יונגע בוימלאַך זיינען צוגעגרייט געוואָרען פאַר ווייטערער באַוואַלדונג. אויף דער דאָזיגער אַרבייט זיינען אויסגעגעבען געוואָרען איבער 40,000 פונט.

אַ דאַנק דער שטיצע פונ'ם קרן היסוד זיינען אין די יאָהרען 1922—23 געגרינדעט געוואָרען דריי וואַלד־בוים־שולען אין ירושלים, נחלת־יהודה און פתח־תקוה. די בוימער זיינען דערנאָך פאַרטיילט געוואָרען צווישען די נייע ישובים, אַז זיי זאָלען דאָרט פאַרפלאַנצט ווערען. אַזוי זיינען פאַרפלאַנצט געוואָרען 40,000 בוימער אין נהלל, 3,000 אין ג'ינג'ר, 35,000 אין עין־חרוד, 48,000 אין כפר־יחזקאל, און אַז. וו. — בסך־הכל 135,000 בוימער.

דורך דער באַוואַלדונגס־אַרבייט ווערט אָבגעשטעלט דאָס אַריינדרינגען פון דיונען, זומפען ווערען אויסגעטריקענט, און נאַקעטע באַרג־זייטען ווערען באַדעקט מיט בוימער.

**לאַנדווירט־שאַפטליכע אַרבייטער־קבוצות.**

ס'זיינען פאַראַן צוויי טיפען פון לאַנדווירטשאַפטליכע ישובים וואָס דער קרן היסוד האָט געגרינדעט: „מושבי־עובדים" און „קבוצות". אין דער קבוצה איז די אַרבייט אָרגאַניזירט אויף קאָאָפעראַטיווע יסודות, און אינ'ם מושב־עובדים ווערט די אַרבייט געמאַכט אויף אַ פריוואַטען אופן. פונדעסטוועגען ווערט אַפילו ביי דער פריוואַטער פאָרמע פון קאָלאָניזאַציע אָנגעווענדעט די קאָאָפעראַטיווע סיסטעמע וואו נאָר זי ווייזט זיך אויס אַלס אַ נוצליכע, ווי למשל, ביים קויף פון געצייג, ביים פאַרקויף פון פראָדוקטען און געוויסע אַנדערע אָפעראַ־ציעס פון אַלגעמיינעם אינטערעס. די נייע קאָלאָניעס זיינען געגרינדעט לויט פלענער וואָס ווערען מיט דער גרעסטער פאָרזיכט אויסגעאַרבייט דורך עקספּערטען און באַשטעטיגט פון די קאָלאָניסטען זעלבסט.



דרענאַזש־אַרבייטען, זומפּען ווערען פאַרוואַנדעלט אין פרוכטבאַרען באָדען.



באדען־באַאַרבייטונג: מיידלאַך פון דער לאַנדווירטשאַפטליכער שולע אין נהלל.

# ארבייט אין די אידישע דערפער.



דרעשען פֿון תבואה, אידישע ערד-אַרבייטער געברויכען מאָדערנע מאַשינען.



קינדער אַרבייטען ביי די בוימער אין די בוים-שולען אין כפר-גלעדי.

# אַרבייט אין די נייע אידישע דערפער.



עופות-צוכט—ענטעל-טייך אין כפר-גלעדי.



חלוצים אין זייערע ווייגערטנער אויפ'ן באַרג-כנרת ביים ים-כנרת.

# נייע אידישע דערפער.



דער דאָרף מרחביה אינ'ם עמק-יזרעאל.



דער קאָאָפּעראַטיווער ישוב דגניה ב' אינ'ם עמק-הירדן.

# אידען בויען שאסעען און שטעדט אין ארץ־ישראל.



חלוצים אין די שטיין־האַקערייען.



תימנישע אידען שניידען שטיינער.

# די מאדערנע אידישע שטאדט אין ארץ-ישראל.



אַ נייער קוואַרטאַל אין תל-אביב ביים ברעג ים.



אַ טיפּיש הויז אינ׳ם האַנדעל-צענטער פֿון תל-אביב

# די ערשטע אויסשטעלונג פון ארץ־ישראל אינדוסטריעס און פראדוקטען אין תל־אביב.



דער פּאַוויליאָן פון דער אידישער קאָאָפּעראַטיווער אַרבייטער-פּאַראייניגונג אויף דער אויסשטעלונג.



אַ ווינקעל פון דער אויסשטעלונג.

# די אויפלעבונג פון דער העברעאישער קולטור אין ארץ-ישראל.



גאָרטען און געביידע פֿונ'ם טעכניקום אין חיפה.



די געביידע פֿונם אינסטיטוט פֿאַר כעמיע און מיקרא-ביאָלאָגיע אין דער העברעאישער אוניווערזיטעט, ירושלים

אַ וויכטיגער פֿאַקט וואָס איז כדאי צו דערמאָנען איז, וואָס אַ סך חלוצים וואָס זיינען אין דער לעצטער צייט אָנגעקומען קיין ארץ ישראל האָבען, מיט דער הילף פֿונ׳ם קרן היסוד, געהאַט פֿריהער אַ לאַנדווירטשאַפֿטליכע צוגרייטונג אין די לענדער פֿון וועלכע זיי זיינען געקומען, און קענען אַזוי־אַרום אויסניצען אין ארץ ישראל פּראקטיש זייערע קענטניסען אין לאַנדווירטשאַפֿטליכער אַרבייט, צו וועלכער זיי ווידמען זיך.

**לאַנדקויף.** דער אידישער נאַציאָנאַלפֿאָנד, דער לאַנד־פֿאָנד פֿון דער ציוניסטישער באַוועגונג באַזיצט איצט 150,000 דונאַם לאַנד (געגען 21,000 אינ׳ם יאָהר 1920) אַלס אייביג איינענטום פֿונ׳ם אידישען פֿאָלק. אַנ׳ערך 148,000 דונאַם זיינען לאַנדווירטשאַפֿטליכע ערד; זיין שטאָדטיגער לאַנד־באַזיץ באַשטעהט פֿון אַנ׳ערך איין מיליאָן פּיק (ביי 600,000 קוואַדראַט מעטער).

דער דאָרפֿישער לאַנד־באַזיץ פֿונ׳ם אידישען נאַציאָנאַלפֿאָנד ווערט איבערגעגעבען צו קאָלאָניסטען אין ירושה־פּאַכט, און זיין שטאָדטיגער לאַנד־באַזיץ אין פּאַכט מיט ירושה־בוי־רעכט געגען אַנ׳אָבצאָהלונג פֿון אַ מעסיגער לאַנד־רענטע.

דער קרן היסוד האָט בייגעשטייערט צו דעם אידישען נאַציאָנאַלפֿאָנד 25,000 פֿונט.

די „חברת הכשרת הישוב בא״י״, אַ געזעלשאַפֿט וואָס איז געגרינדעט געוואָרען פֿאַר׳ן קויף פֿון לאַנד אין ארץ ישראל, האָט ערוואָרבען גרויסע שטחים לאַנד אין תל־עדש, כפר־סבא, עין־חי, יעזור (ביי חיפה), קלנדיה, (ביי ירושלים) און אַז. וו. אויף אָט די אַלע שטחים זיינען געגרינדעט געוואָרען ישובים און לאנדווירטשאפֿטליכע קאָלאָניעס אָדער גאָרטען־שטעדט. אָט די געזעלשאַפֿט האָט אויך ערוואָרבען פֿאַרשידענע שטחים אין די שטעדט פֿאַר בוי־צוועקען. דער קרן היסוד האָט אינוועסטירט אַ קאַפּיטאַל פֿון 10,000 פֿונט אין דער „חברת הכשרת הישוב״.

**אימיגראַציע.** זייט פֿעברואַר 1919 זיינען אַריין אין ארץ־ישראל 45,000 אידען. די מעהרהייט איז אריינגעקומען מיט דער הילף פֿונ׳ם קרן־היסוד און די פֿאַרשידענע פּאַלעסטינאַ־אַמטען וואָס האָבען זיך געעפֿענט אין די גרויסע אימיגראַציע־צענטרען און ווערען אויך אונטערשטיצט פֿונ׳ם קרן היסוד. די אימיגראַנטען זיינען מייסטענס אַרבייטער און בעלי־מלאכות, אינ׳ם אַלטער פֿון 19 ביז 30 יאָהר.

מיט אַ גאַנץ קליינער אויסנאַהמע האָט מען פֿאַר אַלע איינוואַנדערער געפֿונען באַשעפֿטיגונג אין דער לאַנדווירטשאַפֿט, ביי עפֿענטליכע אַרבייטען, ביי הייזער־בוי, אָדער אַנדערע שטאָדטישע אינדוסטריעס.

די הוצאות פֿונ׳ם קרן היסוד אויף אימיגראַציע פֿאַר דעם פּעריאָד פֿון אַפּריל 1921 ביז מערץ 1924 האָבען באַטראָפֿען 156,110 פֿונט.

עפּענטליכע פֿון 3,000 ביז 4,000 אַרבייטער, ס׳רוב נייע איינוואַנדערער, זיינען געווען באַשעפֿטיגט אין 1921—1923 ביי עפֿענטליכע ארבייטען. אַרבייטען און בוי־אַרבייטען. קאָנטראַקטען אויפֿ׳ן בוי פֿון 75 קילאָמעטער שאָסען, 15 קילאָמעטער באַהן־ליניע, א בריק איבער׳ן ירדן, ווי אויך אַנדערע ערד־אַרבייטען און בוי־אונטערנע־מונגען, זיינען דורכגעפֿיהרט געוואָרען דורך אידישע אַרבייטער קאָ־אָפּעראַטיוען. דער ווערט פֿון די קאָנטראַקטען האָט באַטראָפֿען 675,000 פֿונט ביז אַפּריל, 1924.

די קאָאָפּעראַטיווע בוי־געזעלשאַפֿט איז רעגיסטרירט געוואָרען אין מערץ 1924, אַלס אַ קאָאָפּעראַטיווע בוי־גילדע אונטערן נאָמען „סולל־בונה". דער קרן־היסוד האָט אין דער געזעלשאַפֿט גענומען אַקציעס אויף 8,000 פֿונט, וואָס באַ־טרעפֿט אַ העלפֿט פֿונ׳ם אַקציען־קאַפּיטאַל. אַ חוץ דעם האָט דער קרן היסוד געגעבען אַ הלואה פֿון 8.000 פֿונט, כדי דער סולל־בונה זאָל קענען ליקווי־דירען זיינע פֿריהערדיגע געשעפֿטען.

ס׳איז געגרינדעט געוואָרען אַנ׳אַרבייטער־באַנק, מיט אַ קאַפּיטאַל פֿון 60,000 פֿונט צו פֿינאַנצירען די דאָזיגע ארבייטער־קאָאָפּעראַטיוון. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע איז באַטייליגט דורך דער אידישער קאָלאָניאַל־באַנק מיט פֿאָרצוגס־אַקציעס אויף אַ סומע פֿון 40,000 פֿונט.

דער קרן היסוד באַטייליגט זיך מיט אַ סומע פֿון 50,000 פֿונט אין דעם רוטענבערג־פּלאַן פֿאר עלעקטראָפֿיקאַציע (פּאַלעסטינער עלעקטריציטעט געזעלשאַפֿט, מיט באַשרענקטער ערבות). יפו און תל־אביב זיינען שוין באַזאָרגט מיט עלעקטריש ליכט און עלעקטרישער קראַפֿט און די קראַפֿט־סטאַנציע אין חיפה ווערט איצט אויפֿגעבויט.

אַ חוץ דעם זיינען דורכגעפֿיהרט געוואָרען אויף אַ גרעסערען מאסשטאַב אַמעליאָראַציאָנס־און דרענאַזש־אַרבייטען אויף די לענדערייען פֿונ׳ם אידישען נאַציאָנאַלפֿאָנד.

ערציהונג. די העברעאישע שול־סיסטעמע נעמט אַרום:

41 קינדער־גערטנער,
68 פֿאָלקס־שולען,
6 מיטעל־שולען
און לעהרער־סעמינאַרען,
6 לערן־ווערקשטאַטען.

בס״ה 121 ערציהונגס־אינסטיטוציעס.

די צאָהל פֿון לעהרער: 496
" " תלמידים: 11,524

די לערן־שפּראַך אין אַט די אַלע שולען איז — העברעאיש.

דער בנין פֿונ׳ם אידישען טעכניקום אין חיפה איז פֿאַרטיג געוואָרען אין משך פֿונ׳ם זומער 1922, און האָט זיך געעפֿענט אין הערבסט 1924.

די ערשטע פֿאָרשונג־אינסטיטוטען פֿון דער העברעאישער אוניווער־זיטעט האָבען זיך געעפֿענט אין משך פֿונ'ם זומער 1924, אויפֿ'ן הר־הצופים.

דער בודזשעט פֿאַר דער העברעאישער ערציהונגס־סיסטעמע אין ארץ־ישראל פֿאַר'ן יאָהר 1923—1924 האָט באַטראָפֿען 91,000 פֿונט.

די ביישטייערונג פֿונ'ם קרן־היסוד אין אָט דער סומע באַטרעפֿט 60,000 "

דער קרן־היסוד האָט אויסגעגעבען אויף ערציהונג פֿון אפריל 1921, ביז 30 יוני 1924, בס"ה ... ... 270,928 פֿונט.

סאניטאציע. די ציוניסטישע מעדיצינישע קערפערשאַפֿט „הדסה" האָט אונטער זיך די סאַניטאַציע־אַרבייט פֿון 5 שטעדט, פֿון די לאַנדווירט־שאַפֿטליכע ישובים און פֿון אַלע אַרבייטס־לאַגערן. זי באַזאָרגט די מעדיצינישע הילף פֿאַר די אימיגראַנטען און האָט די מעדיצינישע השגחה איבער די שולען. זי פֿאַרוואַלטעט:

17 האָספּיטעלער, פּאָליקליניקען, פֿאַרבאַנדס־פּונקטען און לאַבאָראַטאָריעס.

טעטיגקייט אין משך פֿון יאָהר 1922:

6,936 פּאַציענטען אין האָספּיטעלער;
109,800 פּאַציענטען און פּאָליקליניקען;
601,860 קראַנקע באַהאַנדעלט אין די קליניקען;
31,583 קראַנקע באַהאַנדעלט אין זייערע היימען;
71,998 לאַבאָראַטאָריע־אונטערזוכונגען.

די האָספּיטעלער און קליניקען זיינען אָפֿען פֿאַר אַלעמען, אָהן אונטערשיד פֿון רעליגיע און נאַציאָנאַליטעט; די לאַבאָראַטאָריעס באַדינען אויך די רעגירונג.

זייט דעם זומער 1923, באַטייליגען זיך אין די קאָסטען פֿון די „הדסה"־האָספּיטעלער דער קרן־היסוד און „דזשוּאינט־דיסטריבוישאָן־קאָמיטע", יעדערער פֿון זיי מיט 72,000 פֿונט יעהרליך, און די פֿרויען־אָרגאַניזאַציע הדסה באַטיי־ליגט זיך מיט 100,000 פֿונט אַ יאָהר.

פינאנץ־אינסטי־טוציעס. די אידישע קאָלאָניאַל־באַנק אין לאָנדאָן, די צענטראַלע פֿינאַנץ־אינסטיטוציע פֿון דער ציוניסטישער־באַוועגונג, באַזיצט אַנ'איינגעצאָהלטען קאַפּיטאַל פֿון 380,000 פֿונט. די אנגלאָ־פּאַלעסטינא־קאָמפּאַני אין יפו, די טאָכטער־אינסטיטוציע פֿון דער אידישער קאָלאָניאַל־באַנק אין ארץ־ישראל, האָט פֿאַרגרע־סערט איהר איינגעצאָהלטען קאַפּיטאַל פון 100,000 פֿונט אינ'ם יאָהר 1919 אויף 300,000 פֿונט אינ'ם יאָהר 1921. איהרע דעפּאָזיטען זיינען געוואַקסען פֿון 750,000 פֿונט אין יאָהר 1919 אויף 875,000 פֿונט אין יאָהר 1921. איהר ריינער רווח פֿאַר'ן יאָהר 1921 האָט באַטראָפֿען 25,000 פֿונט.

אָט די באַנק, מיט איהרע זעקס אָבטיילונגען, איז די וויכטיגסטע קרעדיט־אַנשטאַלט פֿאַר דעם האַנדעל און אידישער אינדוסטריע אין ארץ־ישראל. זי גיט אויך די קאָלאָניסטען קורץ־טערמיניגע קרעדיטען אויף גערעטעניש, און האָט אויך באַוויליגט לאַנג־טערמיניגע הלואות פֿאַר בוי־און אַגריקולטור־צוועקען.

די אַלגעמיינע היפּאָטעקען־באַנק פון א"י איז דאָ ניט לאַנג געגרינדעט געוואָרען פון'ם קרן היסוד מיט אַ קאַפּיטאַל פון 200,000 פונט. זי גיט אַרויס אָבליגאַציעס פּאַרצינזט מיט 7 פּראָצענט, וואָס זיינען געזיכערט דורך היפּאָטעקען. דער קרן היסוד האָט איבערגענומען אָבליגאַציעס פון דער באַנק אויף אַ סומע פון 50,000 פונט.

אַנדערע בענק וואָס זיינען דורך אידען געשאַפן געוואָרען אין ארץ־ישראל זיינען:

די אויבענדערמאָנטע ארבייטער־באַנק, מיט אַ קאַפּיטאַל פון 60,000 פונט; די צענטראַלע באַנק פון קאָאָפּעראַטיווע אינסטיטוציעס, מיט אַ קאַפּיטאַל פון 30,000 פונט; די פּאַלעסטינער בוי־הלוואות און שפּאָר־געזעלשאַפט, מיט אַ קאַפּיטאַל פון 25,000 פונט; און אַ צאָהל קאָאָפּעראַטיווע קרעדיט־חברות.

**פּריוואַט־קאַפּיטאַל אין האַנדעל און אינדוס־טריע.** אינ'ם משך פון די לעצטע דריי יאָהר זיינען געשאַפן געוואָרען דורך אידישע סוחרים איבער 50 אינדוסטריעלע און האַנדעלס־אונטערנעמונגען, מיט אַ קאַפּיטאַל פון 1,400,000 פונט. 72 פּראָצענט פון אַלע רעגיסטרירטע „געזעלשאַפטען מיט בעגרענצ־טער ערבות" אין ארץ־ישראל זיינען אידישע אונטערנעמונגען. אַלע רעגיסטרירטע גענאָסענשאַפטען זיינען אידישע.

די וויכטיגסטע פון די נייע אונטערנעמונגען זיינען:

| | |
|---|---|
| די צעמענט־פאַבריק „נשר" | 130,000 פונט |
| די אויל־פאַבריק „שמן" אין חיפה | 100,000 " |
| די בוי־געזעלשאַפט „הבונה" | 100,000 " |
| די האַנדעלס־געזעלשאַפט „חירם" אין חיפה | 100,000 " |
| די פּאַלעסטינער סיליקאַט־געזעלשאַפט אין יפו | 75,000 " |
| די גרויסע מיהלען־געזעלשאַפט אין חיפה | 100,000 " |
| די פּאַלעסטינער עלעקטריציטעט־געזעלשאַפט (רוטענבערג־סכעמע, אין וועלכער דער קרן־היסוד באַטייליגט זיך מיט 50,000 פונט) | 400,000 " |
| די פּאַלעסטינער זאַלץ געזעלשאַפט | 40,000 " |

**שטאָדטישע קאָלאָני־זאַציע.** בוי־קרעדיטען אויף אַ סומע פון אַנ'ערך 100,000 פונט זיינען געגעבען געוואָרען פון דער אַלגעמיינער פּאַלעסטינער היפּאָטעקען־באַנק, פון דער פּאַלעסטינער בוי־הלוואות־און שפּאָר־געזעלשאַפט און פון קרן היסוד פאַר דער גרינדונג פון נייע שטאָדטישע קוואַרטאַלען. די וויכטיגסטע פון זיי זיינען: נורדיה, ביי תל־אביב; תלפיות, ביי ירושלים; הדר־הכרמל, ביי יפו; קרית־שמואל, ביי טבריה, א. אַז. וו. אַ חוץ דעם זיינען פּאַראַיאָהרען אויפגעבויט געוואָרען 400 נייע הייזער בלויז אין תל־אביב, און די אויבענדערמאָנטע אינסטיטוציעס האָבען געגעבען הלוואות פאַר'ן אויפבוי פון 200 פון אָט די הייזער אין דער געגענד; אייניגע הונדערט הייזער ווערען איצט געבויט אין טבריה, חיפה, ירושלים, א. אַז וו.

# די אויסזיכטען פֿונ'ם קרן היסוד.

די טעטיגקייט פֿונ'ם קרן היסוד ביז איצט האָט קלאָר געוויזען, אַז ס'איז מעגליך צו פֿאַראינטערעסירען אַלע אידען, צו וועלכער פּאַרטיי זיי זאָלען ניט געהערען, אינ'ם אויפֿבוי פֿון ארץ ישראל. דורך דער פּראָפּאַגאַנדאַ־אַרבייט פֿונ'ם קרן־היסוד האָט שוין געלונגען צו געווינען אַ גרויסען קרייז פֿון ביישטייערער, חאָטש די ענטוויקלונג פֿונ'ם קרן היסוד איז נאָך אַלץ ביים אָנהויב. אַ הכנסה פֿון 400,000 פֿונט אַ יאָהר מאַכט אויס עפּעס איבער 6 פּענס אויף אַ מענשען פֿון דער גאַנצער אידישער באַפֿעלקערונג אין דער וועלט. אין דער אָבשאַצונג ווערט ניט אַריינגערעכענט דער פֿאַקט, אַז ס'איז פֿאַראַן אַ גרויסע צאָהל רייכע און פֿאַרמעגליכע אידען, וואָס זייערע מעגליכקייטען וועגען־איבער זעהר שטאַרק די אָרימקייט וואָס הערשט צווישען די אידישע מאַסען אין מזרח־אייראָפּאַ.

אויב מ'שלאָגט פֿאָר אַ מינימום־אימיגראַציע קיין א"י פֿון 30,000 נפשות אַ יאָהר, און דערפֿאַר אויך אַ פּאַסענדען בודזשעט פֿון 1,000,000 פֿונט אַ יאָהר פֿאַר'ן קרן־היסוד — מיינט עס אַז די הכנסה פֿונ'ם קרן היסוד מוז פֿאַרדאָפּעלט ווערען. אַנ'אימיגראַציע פֿון 30,000 נפשות, פֿאַר וועלכע מ'מוז באַזאָרגען אַרבייט, מיינט, אַז אַ חוץ זיי וועלען געפֿינען באַשעפֿטיגונג אין א"י טויזענדער איינוואַנדערער וואָס קומען קיין א"י מיט אייגענע מיטלען, און אַ פּראָפּאָרציאָנעלע צאָהל דאָקטוירים, לעהרער און. באַאַמטע. אַזאַ ענטוויקלונג וועט באַדייטען אַ וויטערען וואוקס פֿון דער אידישער באַפֿעלקערונג לויט אַ געאָמעטרישען פּראָגרעס, אַזוי אַז אין משך פֿון 10 יאָהר וואָלטען זיך געקענט באַזעצען אין ארץ ישראל פֿון 500,000 ביז אַ מיליאָן אידען.

נאַטירליך איז דאָס אין יעדען זין די אַרבייט פֿון די ערשטע אויפֿבוי־יאָהרען וואָס שטעלט מיט זיך פֿאָר די גרעסטע שוועריגקייטען. אָבער די קרבנות וואָס אָט די אַרבייט פֿאָדערט פֿון די אידען זיינען, ווי די אָנגעגעבענע ציפֿערען וואָס קלאָר, אין אמת'ן זעהר קליינע. די גרויסע אַרבייט קען און מוז געלינגען, אויב די אידען פֿון דער גאַנצער וועלט, וואָס האָבען איינשטימיג מסכים געווען צו דעם אויפֿבוי פֿון ארץ־ישראל, וועלען ביישטייערען צום קרן־היסוד לויט זייערע מיטלען.

---

# שלוס־וואָרט.

דער אויפֿבוי פֿון ארץ־ישראל איז באַשטימט געוואָרען פֿאַר'ן אידישען פֿאָלק דורך דעם פֿעלקער־בונד. מיט אָט דער אַרבייט זיינען פֿאַרבונדען און פֿאַרוויקעלט די העכסטע אינטערעסען פֿונ'ם אידישען פֿאָלק. דאָס אידישע פֿאָלק האָט אַ געלעגענהייט אויפֿצולעבען זיין אַלט לאַנד מיט זיינע אייגענע מיטלען, צו געברויכען און מאַניפֿעסטירען זיינע אייגענע שאַפֿענדע כחות, צו באַפֿרייען אַ וואָס־גרעסערע און גרעסערע צאָהל אידען פֿון אַ שענדליכען און געפֿעהרליכען צושטאַנד, און זיי פֿאַרפֿלאַנצען אינ'ם לאַנד פֿון זייערע אבות, אַלס פּראָדוקטיווע קבוצים, און אויפֿלעבען זייער אייגענע אַמאָליגע קולטור.

די באַריהמטעסטע שטאַאַטס־מענער פֿון אייראָפּאַ און אַמעריקאַ האָבען אויסגעדריקט זייער טיפֿע סימפּאַטיע פֿאַר אָט דער אַרבייט, און אַלע־יעניגע וואָס האָבען געהאַט די געלעגענהייט צו זעהן מיט זייערע אייגענע אויגען אויפֿ׳ן אָרט דאָס וואָס ס׳איז שוין געשאַפֿען געוואָרען אין ארץ־ישראל — האָבען אויסגעדריקט זייער באַגייסטערונג מיט׳ן גרעסטען עקסטאַז.

די אידען וואָס זיינען גרייט מיט דער גרעסטער אויפֿאָפּפֿערענדער התלהבות צו ווידמען זייערע לעבענס צו דער אויפֿבוי־אַרבייט — וואַרטען גרייט אין זייערע טויזענדער און צעהנדליגער־טויזענדער, אָבער די נויטיגע מאַטעריעלע מיטלען זיינען נאָך ניט געשאַפֿען געוואָרען אין אַ גענוגענדער מאָס.

דער רעזולטאַט פֿון די זאַמלונגען פֿאַר׳ן קרן־היסוד אין משך פֿון די ערשטע דריי יאָהר — 1,500,000 פֿונט — איז געוויס אַ בכבוד׳יגער, ווען מ׳נעמט אין באַטראַכט, אַז ס׳מוז געדויערן אַ געוויסע צייט ביז מ׳קען געווינען די פֿאַרשידענע אידישע קבוצים, וואָס זיינען צוזייט און צושפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט, פֿאַר אַ רעגולערער, פֿאַסענדער, פּריוויליגער סיסטעמע פֿון זעלבסט־באַשטייערונג. אָבער ס׳איז נויטיג, ווי ס׳איז קלאָר באַוויזען געוואָרען, אַז די הכנסה פֿונ׳ם קרן־היסוד זאָל לכל הפחות פֿאַרדאָפּעלט ווערען, כדי צו שאַפֿען די זיכערקייט פֿאַר דער נויטיגער מאָס פֿון אויפֿבוי־אַרבייט וואָס מוז יעהרליך געלייסטעט ווערען.

ווי ס׳איז שוין ערקלעהרט געוואָרען, קען מען זיין גאַנץ זיכער, אַז ווען די הכנסה פֿונ׳ם קרן־היסוד זאָל שטייגען ביז אַ מיליאָן אָדער אָנדערהאַלבען מיליאָן פֿונט אַ יאָהר, וואָלטען מיט אָט די מיטלען אין משך פֿון העכסטענס 10 יאָהר זיך געקענט באַזעצען און ווערען פּראָדוקטיוו טעטיג אין ארץ־ישראל לכל־הפחות אַ האַלבער מיליאָן אידען.

אָבער די פֿאַרווירקליכונג פֿון אָט די מעגליכקייטען היינגט זעהר אַ סאַך אָב פֿונ׳ם טעמפּאָ, מיט וועלכען די אידען דערפֿילען זייער חלק פֿון דער אויפֿגאַבע. ניט שטענדיג וועלען די אומשטענדען בלייבען פֿאַר די אידען אזוי גינסטיג ווי זיי זיינען איצט. אויב אָט די איצטיגע געלעגענהייט וועט פֿאַרנאַכלעסיגט ווערען, וואָלט עס הייסען, אַז דאָס אידישע פֿאָלק פֿאַרלירט די לעצטע היסטאָרישע געלעגענהייט צו דערפֿילען אַ הויכע מיסיע און צו ענדערען לחלוטין זיין גורל דורך דער שאַפֿונג פֿון אַ שטאַרקען צענטער.

דערפֿאַר ערוואַרטעט דאָס אידישע פֿאָלק, אַז יעדער איד וועט דערפֿילען זיין חוב צום קרן־היסוד, און צאָהלען שטייערען פֿון זיין הכנסה. יעדער איינציגער איד איז דער באַשטימער פֿון זיין אייגענעם גורל. ער קען דורך פֿאַרנאַכלעסיגקייט שטעלען אין סכנה זיין כבוד און זיין צוקונפֿט, אָדער פֿאַרקעהרט, דורך זיין אָנשטרענגונג דערפֿילען די ערוואַרטונגען פֿון איהם מצד דעם פֿעלקערבונד.

---

# אידישע אינוועסטיציעס אין ארץ ישראל.

## א.

## די אינוועסטיציעס פונ׳ם קרן־היסוד אין ארץ ישראל.

פונ׳ם 1־טען אפריל 1921 ביז׳ן 30־טען יוני 1924.

| | | |
|---|---|---|
| 1) לאַנדווירטשאַפטליכע קאָלאָניזאַציע (אַריינגערעכענט פראָבע סטאַנציעס) ... ... ... | 351,232 | פונט |
| 2) ערציהונג (אַריינגערעכענט אוניווערזיטעטס־ביבליאָטעק) | 270,928 | " |
| 3) אימיגראַציע (אַריינגערעכענט פאלעסטינא־אַמטען און הכשרה) ... ... ... ... | 164,845 | " |
| 4) אינוועסטיציעס: | | |
| עלעקטריציטעט־סכעמע 50,000 פונט | | |
| היפאָטעקען־באַנק 49,850 " | | |
| שול־בנינים 8,905 " | | |
| חברת הכשרת הישוב בא"י 10,000 " | 118,755 | " |
| 5) עפענטליכע אַרבייטען | 110,755 | " |
| 6) פאָלקס־געזונדהייט און סאַניטאַציע, הדסה | 96,098 | " |
| 7) ספעציעלע הוצאות און נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע | 53,371 | " |
| 8) הוצאות פון אַדמיניסטראַציע | 52,983 | " |
| 9) מזרחי־אָרגאַניזאַציע | 36,185 | " |
| 10) אידישער נאַציאָנאַלפאָנד | 19,762 | " |
| 11) טעכניקום | 12,854 | " |
| 12) האנדעל און אינדוסטריע | 12,620 | " |
| | 1,300,388 | פונט |

## ב.

א חוץ אָט די סומען האָבען די פאַרשידענע ציוניסטישע פאָנדען און פינאַנציעלע אינסטיטוציעס (קרן־הגאולה, אידישער נאציאָנאַלפאָנד, אַנגלאָ־פאַלעסטינא־קאָמפאַני, א. אַז. וו.) אינ־וועסטירט פון אַפריל 1918 ביז דעצעמבער 1923 — 2,000,000 "

אין אָט דער ציפער זיינען ניט אריינגערעכענט קיין אינוועסטיציעס פון פריוואַטען קאַפיטאַל, וואָס באַטרעפען 2,000,000 פונט, אין האַנדעל, אינדוסטריע און הייזער־בוי, און אויך די הוצאות פון לכל־הפחות 2,000,000 פונט מצד דער יק"א און פאַרשידענע הילפס־פאָנדען, בסך־הכל — 4,000,000 "

אזוי אַז דער סך־הכל פון אידישע אינוועסטיציעס אין ארץ ישראל אין משך פון די יאָהרען 1918—1923 באַטרעפט אנ׳ערך ... ... ... **7,000 000 פונט.**

